ל. קוויטקאָ

# קינדער־הערצער



אָגיז

מעלוכע־פארלאג „דער עמעס"

מאָסקווע ★ 1943

# אכט און צוואנציק

אפ דער גאס דער זייער גלאטער
אינ אלמא-אטא דער שטאָט
גייענ כאווערטעס דרײַ קליינע
אונ מע שמועסט בעסאָד.

צווי — קאזאכ-געזיכטלעכ ברייטע
אונ דאָס דריטע — שמאָל אונ בלאָנד.
שטיל ארומגענומענ גייט מענ
אונ מע שמועסט פונ פראָנט.

אָוונט איז, די גאס די גלאטע
מיט לאמטערנס ציט זיכ ווײַט.
מיט פיל ביימער שטארק פאטלאטע,
מיט אריקנ בא דער זײַט.

די לעוואָנע שײַנט פונ כעדווע
אונ די שטערנ זײַנענ גרויס,
אונ די שניי-בערג אלא-טאו
שײַנענ פונ דער ווײַט ארויס.



דרײַ ארומגעגומענע גייען
שטילע אין דער שײנער שטאָט,
און פון הערצ און געדענקען
צו דערציילן זיך מע האָט.

„טעכטער זײַנען מיר גוואַרדייסקע.
פון דער אכטער אלע דרײַ.
קלאַווא, נאָכאַמאָל דערצייל אונדז,
קלאַווא, נאָך איין מאָל באַדאַי".

קלאַווא לאָזט זיך לאַנג ניט בעטן, —
אירע פרײַנט, זיינעס, רײַכאַן,
ווילן הערן פון איר טאַטן,
פון די אכט און צוואַנציק מאַן.

זי דערציילט, ווי'זוי די גוואַרדיע,
וועלכע ווייסט ניט פון קיין רו,
האָט זיך אָפּגעשטעלט בא מאָסקווע
און געזאָגט: זי לאָזט ניט צו!

— זאָל דער דײַטש דעם הימל שפּאַלטן,
זאָל ער וואַרפן מיט דער ערד, —
דאָ צו זײַן, אין אונדזער מאָסקווע,
איז די סאָנים טויט-פאַרווערט!

וואַרפט דער פײַנט א יאַם מיט פײַער
אײַנצוורײַסן אונדזער קייט.
זוכט ארום דער שטאָט אן ערטל,
ווו א שוואכע וואַכטע שטייט.

דײַטשן וואַרפן מינעס, באָמבעס—
נאָר קיין אײַנברוך איז ניטאָ.
פלוצים טרעפן זיי אן ערטל
און דערפרייען זיך: „סע דאָ!

מירנ דאָ אדורכ קיינ מאָסקווע!״—
אונ זיי רײַבנ זיכ די הענט—
„מירנ רויבנ, מירנ מאָרדנ,
אײַנוואַרפנ די קרעמל-ווענט.

אָ, דאָ שטייט א קליינע וואכטע:
סכאקל נײַנ אונ צוואנציק מאנ.
ס׳קענ זיי באלד איינ טאנק דערשטיקנ
אונ דער דורכרײַס איז פאראנ!״

לאָזט דער דײַטש ניט איינעמ — אכצנ,
אכצנ טאנקענ מיט איינ גוס, —
אונ צומ הײַפל לײַט זיי שרײַענ:
„גיב זיכ אונטער, רוס!״.

נו, האָט זיכ א נישט געפונענ,
הייבט פאכדאָניש אופ די הענט, —
האָט מײַנ טאטע עס דערזעענ
אונ אפ אימ די ביקס געווענדט.

אלע אכט אונ צוואנציק קעמפער
האָבנ זיכ אינ נישט געצילט.
אונ דער פּאָליטרוק דער יונגער
האָט פונ צאָרנ אזש געברילט:



„ווער צו שטויב, דו פאכדנ מיִעסער!
אויב די היימ דיר טוט ניט וויי,
אויב די היימ אונ וויַיב אונ קינדער
ווילסטו איבערגעבנ זיי!״

אונ דערוויַיל די אכצנ טאנקענ
וואַרפנ קופּעס פיַיער גליַיכ
אפ די אכט אונ צוואנציק קעמפער.
אונ די קעמפער, שווער איכ איַיכ,

אפ קיינ האָר זיכ ניט דערשראָקנ, —
קוקנ פונ אָקאָפּ ארויס,
לאָזנ צו די טאנקענ נאָענט —
אונ מע פיַיערט אינ זיי אויס.

— נאט אונ נאט! — איינ טאנק צעריַיסט זיכ,
אונ מיט פיר א וואָרפ סע טוט.
אונ די אנדערע פארהאלט עס —
אונ סע ווערט זיי שטארק ניט גוט.

אכצנ שרעקנ, אכצנ גענעמס
קעגנ קליינעמ הײַפל לײַט!
אונ דאָס קליינע הײַפל מאזיקט,
אזש דער דײַטש פונ פאכעד שרײַט.

פלוצימ זעט דער טייל, סע איַילט
א הילפ די טאנקענ! מיטאמאָל
צוויי אונ דרײַסיק נײַע גוילעמס, —
הייסט עס פופציק אינ דער צאָל!

האָבנ זיכ ארומגענומענ
אונדזערע קעמפער, אָט אזוי,
זיכ צעקושט, צעטיילט די ערטער,
אונ דעמ פײַנט באטראכט גענוי.



אינעם הארצן זיך געזעגנט
מיט די מאמעס, מיט דער היים,
און מיט אונדז, מיט אונדז, די קינדער,
און מיט יעדער שטוב און שטיין.

און דער פּאָליטרוק דער יונגער
זאָגט די קעמפער: „ליבע פרײַנט,
באָלשעוויקעס זײַנען שטארקער
פון מאשינעס... אפן פײַנט!"...

און די טאנקען שפּארן, שפּארן,
האָגלען אף דעם הײַפל שווער,
נאָר דער טייל, צוריק ער קלאפּט זיי, —
כאָטש סע פאלט שוין ווער ניט ווער.

מאָסקווע, מאָסקווע וועט באשטייען, —
סטאלין איז אין מאָסקווע דאָ!
וווּ סע שטייען רויטארמייער,
איז קיין וועג דעם פײַנט ניטאָ!

און די טאנקען שפּארן, שפּארן...
הייבט זיך אוף דער פּאָליטרוק,
און מיט אים דאָס רעשטל קעמפער
און פאָרויס מע טוט א רוק.



און מע וואַרפֿט אין פֿײַנט גראַנאַטעס,
פֿײַער־פֿלעשער, דונער־פּעטש,
און מע רײַסט פֿיל טאַנקען אונטער,
כאָטש מע ווערט פֿון זיי צעקוועטשט.

איינער מיט אַ טאַנק זיך ראַנגלט —
ער און טאַנק ווערן צעפּליקט,
און די טאַנקען, די נאָך גאַנצע,
כאַפּן זיך אין שרעק צוריק.

אָט אַזוי... דאָס שוואַכע ערטל,
וואָס דער סוינע האָט געפּאַקט, —
איז דאָס שטאַרקסטע אָרט געוואָרן, —
וווּ מ'האָט אים אָפּ טויט צעקנאַקט.

כאָטש געפֿאַלן זײַנען אַלע
יונגע אַכט און צוואַנציק מאַן, —
נאָר דעם סוינעס פּופֿציק טאַנקען
זײַנען ניט אַדורכגעגאַן! —



* * *

גייען כאווערטעס דרײַ קליינע
און מע שמועסט בעסאָד, —
מע דערמאָנט די העלדנ היימיש
אינ אלמא-אטא דער שטאָט.

נאָר די גאנצע וועלט שוינ קענ זיי, —
ווייער בײַשפּיל ליכטיק שײַנט.
באָלשעוויקעס זײַנעג שטארקער
פונ מאשינעס, ליבע פרײַנט!



# א שווער הארצ

טײַערע מײַנע, טײַערע קינדער,
ביט מיט קיינ מײַסעלעכ קומ איכ אצינדער.

כ׳האָב זיי געלאָזט, ווי די שטשאָגאָלס, צעפליִען,
צאאר אונ צאָרנ אינ הארצ מײַנעמ גליִען.

אומרועג האָבנ דאָס הארצ מיר פארשמיסנ, —
כ׳וויל, איר זאָלט אלע געשעעגישנ וויסנ.

כ׳וויל, איר זאָלט גרייטנ זיכ, טײַערע פרײַנט, —
ס׳הארצ א געלאָדנס ברענג איכ אײַכ הײַנט.

איכ האָב געלאָזט מײַנע מײַסעס פארפליִען,
איר האָט די שפילנ געשטעלט אינ א זײַט, —

וויפל געטרײַשאפט אינ אײַערע מיִען,
עלדישקײַט, ערנסט אונ כּוש פאר דער צײַט!

אלע שוינ זײַנענ מיר אנדערש ווי נעכטנ,
יעדער פונ אונדז זעט אינ איינס נאָר די ווערט:

אלצדינג צו טאָנ — נאָר דעמ סוינע צעברעכנ,
אייביק זאָל פרײַ זײַנ אונדז הימל אונ ערד!

* * *

ווענ איר פאָרט אינ שיפ פונ קיִעוו
שטראָמ-אראָפ, א דרײַ — פיר שאָ,
אונ פארטאָג, נאָכ פאר שאריִען,
זײַנט איר אפ דער דעק שוינ דאָ, —

זעט איר דאן, דער טײַך צעשפּרייט איז,
ווי א האנט צעשפּרייט מע האלט:
מיט די ריטשקעס, ווי די פינגער,
אײַנגעשטעקט אין ווײַט פון וואלד.

וואסער-ראכוועס, ראָזער נעפּל,
איבער סאָסנע-גרינס — שארי'ט,
אפּ די זאמדן אומבארירטע —
דינע שנירלעך פויגל-טריט.

גלוסט זיך אײַך אזוי דאָ בלײַבן,
טוקן זיך ארויס, ארײַן,
און באטרעטן אָט די זאמדן,
און אין יענע שטיבלעך זײַן.

טאקע וועגן אָט די קאנטן
וועל איך אײַך דערציילן הײַנט.
ס'א געשיכטע, זאָלט איר וויסן,
וועגן מײַן און אײַער פרײַנט.

* * *

ווער סע שאָדט אין טיל דעם סוינע —
יענעמס נאָמען בלײַבט א סאָד.
איך וועל אָנרופן דאָס יאטל
מיטן צונאָמען „די ראָד".



אין דער היים האָט ער געגאָלטן
פּאָר א שטיפער און א ברעג,
אפ א שפּיצל ניט געפּוילט זיך,
אויך א קלאפּ טאָן ווען־ניט־ווען.

מער פון אלע פארגעניגנס
האָט אים גליקלעכער געמאכט
לייזן אופגאבעס אינזינען,
אָפליגן אזוי די נאכט.

צוגעמאכט די אויגן, לאָזן
מיט כעזשבוינעס זיך אין שטרײַט,
צי אין כאָלעם מיט שאראדעס
לאָזן זיך אפ מײַלן ווײַט.

נאָר איך טאָר זײַן בילד ניט מאָלן,
כ׳קען נאָר זאָגן: דרײַצן יאָר.
בא די ענער פּארטיזאנער
איז ער אָנגעלייגט ביז גאָר.

ווי מע ליבט אים, ווי מע שוינט אים,
ווי פאר אים דאָס הארץ טוט וויי!
ווי מע פרייט זיך, ווען דאָס יאטל
קומט פארברענגענע צווישן זיי.

דער יוריסט, דער גרײַז אין ברילן,
מיטן קוילן־גורט געצירט,
און דער שמיד, וואָס ווייסט קיין שרעק ניט
און דעם דרייסטן טײַל ער פירט.

נאָך דער מי דער פּארטיזאנסקער,
נאָך דער שווערער, הייסער נאכט, —
זײַנען פּארטיזאנער גליקלעך,
ווען דאָס יאטל שטיפט און לאכט.

אוי, ס׳א יאט פון יענע יאטן!
פריילעך ווערט, ווען ער דערשײַנט. —
נאָר דער ווייטיק אין זײַן הארצן
האָט קיין ברעג ניט, מײַנע פרײַנט.

ווײַל פאר אים, פאר זײַנע אויגן
איז דאָס אומגליק אים געשען.
ווײַל דאָס אומגליק האָט קיין ברעג ניט,
אין זײַן בליק מע קאָן עס זען. —

זיבן היטלערס מענוואָלים
אפן געסל, לעבן שטיין,
האָבן אומגעבראכט זײַן מאמען —
דאָס האָט ער געזען אליין!..

— מאמע טײַערע, אוי, מאמע,
ס׳הילכט אין מארך מיר דײַן געשריי.
קיינמאָל וועט זיך ניט פארהיילן
ווונד פון ווונדן, מאמעס וויי.

מאמע טײַערע, אוי, מאמע,
כ׳הער דײַן וויי אין גאנצן לאנד:
„נעמט נעקאָמע, מײַנע קינדער" —
רופט דאָס בלוט און מאָנט די שאנד.

ס׳האָט דאָס קינד אזוינס געזען,
וואָס קיין גיבער האלט ניט אויס.
וויפל מאָל האָט זיך געריסן
ס׳קינדערש הארץ פון ברוסט ארויס, —

אין דער ערד א שמיץ זיך געבן,
זי באוואשן בלוטיק-רויט.
נו, פאר וואָס, פאר וואָס פארפײַניקט,
נו, פאר וואָס, פאר וואָס געטויט?!

 

* * *

ר׳איז אוועק פונ דאָרפ פארברענטנ
אונ געבלאָנקט איינ אליינ:
איבער בלאָטעס, איבער וועלדער,
אָנ א קאָרעוו, אָנ א היימ.

אויסגעמיטנ וועג אונ מענטשנ,
קוימ מיט וואלד-שפײַז זיכ גענערט.
אומגעוואשנ, אומגעגעסנ
אינ זײַנ וויסטער פײַנ פארקלערט,

צוגעהערט זיכ צו די פייגלענ,
צו די שאָרכנ אינעמ וואלד,
טאָמער עמעצ זיכ באוויזנ,
פלעג ער זיכ פארשטעקנ באלד.

אָפט פונ דעמ פארשטעק געזעענ —
ס׳האָט דאָס הארצ פונ האס געבלוט —
דײַטשנ טרײַבנ פולע פורנ
אָנגערויבטע האָב-אונ-גוטס,

טרײַבנ מענטשנ באָרוועס, נאקעט, —
אונ פאר וואָס קומט זיי די פײַנ?!
איז ווי שווערט מענ ניט אינ הארצנ
ביזנ לעצט זיכ נויקעמ זײַנ?!



אפן וועג באַם דאָרף פאַרברענטן
זיצט אַ ייִדענע און קלאָגט,
הין און הער דעם קאָפּ זי שאָקלט,
פֿון אַ געלן בלאַט זי זאָגט.

מענטשן לויפֿן פֿונעם אומגליק,
ס׳טוט זי ווער־ניט־ווער אַ רוף.
ס׳קלייד אין דר׳ערד ווי אײַנגעוואַקסן,
און דעם קאָפּ זי הייבט ניט אויף.

איר געזאָג דעם מויעך בויערט,
איר געקלאָג דאָס האַרץ ברעכט אײַן.
און פֿון דאַן דעם יאַט אַלץ דאַכט זיך,
אַז דאָס קלאָגט די מאַמע זײַן.

איינמאָל אין אַ נאַכט אַ העלער
הייבט אָן ברענען אַפּדאָסנײַ.
דורכן וואַלד אַנטלויפֿן מענטשן
פֿון דער דײַטשער קוילערײַ.

אין געלויף און אין מעהומע
שלעפּט אַ מיידעלע אַ קליינס
אין אַ וועגעלע אַ זויג־קינד
אינעם וואַלד, באַנאַכט, אַליין.

ווי דער יאַט האָט נאָכגעקוקט איר,
זעט ער, ווי אין שרעק פֿאַרדרייט,

ווייסט זי גאָר ניט, אז איר וועגל
אפ צוריק צום אומגליק גייט.

לויפט ער צו און פרעגט זי אויסעט,
נאָר זי ווייסט ניט, וואָס ער פרעגט.
ס'גלײַכע פענעמל — אין פאכעד
און אין טרערן אויסגעווייקט. —

דרייט ער אויס דאָס וועגל ריכטיק,
וווהין צו האלטן זיך ער טײַט, —
שטופט זי ווײַטער און פארדרייט זיך
ווידער צו דער שלעכטער זײַט.

לויפט ער ווידער צו און כאפט זי,
מאָסטעט זי אין וועגל אײַן,
און ער נעמט זיי פירן ביידע
אין דער טיף, אין וואלד ארײַן.

ביז פארטאָג, ביז אײַנגעוויגט זיי,
און צו איינס א דאָרף דערפירט.
בא א פלויט געשטעלט דאָס וועגל
און אוועק, און נאָכגעשפירט

פונדערווײַטנס, און דערוואַרט זיך:
ס'איז א פרוי פון טיר ארויס, —
האָט א פלעסק געטאָן פארכידעשט
און די צוויי געפירט אין הויז.



* * *

שפעטער האָט ער אָנגעטראָפנ
א באוואָפנט בינטל לײַט —
האָט ער זיכ אינ גראָז געוואָרפנ,
נאָכגעשפירט זיי פונ דער ווײַט.

מאָדנע מענטשנ! יונגע, אלטע,
מיט גראנאטעס אפנ פאס.
איינער מיט א גרויער פאטלע
האָט דערציילט עפעס, געשפאסט

אונ געבלינצלט מיט די ברילנ.
מיטאמאָל — ניטאָ זיי מער!
ערגעצ, ווי אינ דר'ערד פארשווונדנ,
אז ס'איז גאָר צו טרעפנ שווער.

ווארט, אָט דער, דער גרויער ברילניק
איז דאכט יענער, וואָס איז דאנ
ווי א שמײַסער אָנגעפאָרנ
אונ געשענקט דאָ זײַנ געשפאנ

יענע מאָדנע פאסאזשירנ,
וואָס אינ טיפנ שטרוי-געפעק, —
זיי געהייסנ פאָרנ ווײַטער,
אונ אליינ אינ וואלד אוועק,

אונ, ווי איצט, אינ וואלד פארשווונדנ.
ס'האָט דער יאט אזוי געגארט
אינ דעמ מענטשנ זיכ פארקוקנ, —
ביז ער האָט זיכ פאָרט דערווארט.

נאָר דער מענטש האָט אימ דערזעענ
אונ געכאפט זיכ צומ נאגאנ, —
ס'האָט דער יאט אראָפגעזעצט זיכ
אונ אינ גרינס פארשווונדנ דאנ.

און קיין רו זיך ניט געפונען:
„מיטן לעבן קוים ארויס...
כ׳האָב געמיינט, דער גרויער ברילניק
איז א גוטער... לאָזט זיך אויס...״

נאָר א צווייט מאָל האָט דער גרויער
אים געכאפט, צו זיך געבראכט,
אין א שטיבל א פארבאָרגנס,
שטרענג אים א פארהער געמאכט.

פון דערשרעק און פון געפלעפטקייט
האָט דער יאט געשטאמלט ווילד:
ס׳האָט דער גרויער אין די ברילן
אים ארומגעוואשן מילד.

פון א וואָרט אלץ גלייך פארשטאנען,
וואָס אים ארט, און וואָס אים דריקט, —
אפ א בעט געלייגט אים שלאָפן,
און אים פאָטערלעך דערקוויקט.

אָט אזוי האָט זיך באפריינדעט
אונדזער יאט מיט דעם יוריסט,
אלע פארטיזאנער האָבן
זייער כאווערשאפט באגריסט.

איצט הייבט אָן דער יאט ערשט לעבן
ווי א מענטש און ווי א קינד!
מיט די קויכעס פון די גרויסע
זיין נעקאָמע ער פארבינדט.

וואָס איז שרעק און וואָס סאקאָנעס?
איינ געזעץ נאָר הערשט פון היינט:
פאר די וויטיקן און אוולעס
מוז צעצאָלן זיך דער פיינט.

* * *

איינמאָל איז דער יאַט פֿאַרשווונדן. —
איין טאָג, צוויי טעג, דריטער טאָג!
ווערט מען אומרויִק, באַזונדערס
איז דער גרויער שטאַרק פֿאַרקלאָגט.

דאָ קומט איינער שטאַרק צעטראָגן
און מע כאַפּט אַ נײַעם קלאַפּ:
„כ'האָב דעם יאַט, זאָגט ער, געזעען
צו דעם דײַטש אַרײַן אין שטאַב".

ווי אַ דונער וואָלט געטראָפֿן! —
דער קאָמאַנדיר אים כאַפּן הייסט.
און דער גרויער רײַבט די ברילן,
אָטעמט שווער און מרוקעט בייז.

ווי מע רעדט, ווי'זוי אים פּאַקן —
בלײַבן אַלע ווי פֿאַרשטאַרט:
ס'טוט אַ קלאַפּ. און ווער? — דאָס יאַטל!
שטייט, איז אויפֿגערעגט און וואַרט.

אַלע שווײַגן, שווײַגט ער אויכעט, —
ריידן גלוסט זיך אים אַ גוואַלד!
ניט אומזיסט איז ער געלאָפֿן
שפּעט באַנאַכט צו זיי אין וואַלד.

נאָר ער זעט, אַז אים מע קוקט ניט,
און דער גרויערווישט די בריל,
ווערט אים שווער. און פּאָרט, ער שטאַרקט זיך
און צום עלטסטן זאָגט ער שטיל:

„כ'בין ניט שולדיק, מ'האָט געפּאַקט מיך,
איך זאָל העלפֿן זיי אין קיך,
נאָר דאָס מאַכט ניט — דאָס וועט נוצן...
כ'מוז קיין גראַטש איצט לויפֿן גיך.



2092— 2

ס'איז ארויס קיין גראטש א שטראָף-טייל,
צוויי און דרײַסיק אין דער צאָל.
מ'וויל דאָס דאָרף אין שלאָף פארברענען
אלץ פארניכטן מיטאמאָל.

אויב איר שווימט דעם טײַך אריבער,
טרעפט איר זיי בא דעם פּאראָם.
איך דערווײַל קיין גראטש וועל לויפן —
אונדזערע צו וויסן טאָן".

קוקן אָן דערשטוינט די שווײַגער,
איינס דאָס צווייטע און דעם שנעק.
און דער עלטסטער הייסט דעם גרויען
מיטן יאט קיין גראטש אוועק.

* * *

גייט דער גרויער מיטן יאטל
אין דער שטיל, מע אײַלט, מע יאָגט, —
בראָד דעם טײַך מע איז אריבער
און דערגרייכט און אָנגעזאָגט.

און דערווײַל האָט זיך דער גרויער
בא דעם יאט פון אלץ דערוווּסט:
מ'האָט געכאפּט אים וואסער טראָגן
פאר דער שטאב-קיך. און געמוזט

העלפן דאָרט קארטאָפליעס שיילן.
נו, איז רעדט מען אין דער קיך, —
פונעם ריידן, פון די ווינקען
קען מען פיל דערוויסן זיך.

ביידע אײַלן אפ צוריקוועגס
אין דער זײַט, צו דעם פּאראָם.
דורך די אומוועגן און דיוועס
צו די פרײַנט זיי קומען אָן.

פארמאסקירט די קעמפער ליגן
מע דערוואַרט דעם סוינעס טייל,
צווישן קאָמאַנדיר און גרויען
לייגט דער יאַט זיך און דערציילט:

„ס'איז מינירט אַרום דעם שטעטל,
נאָר איך ווייס נאָך ניט דאָס אָרט".
קוקט ניט צו דעם יאַט דער עלטסטער,
שטיל נאָר ווענדט צו אים זײַן וואָרט:

—„איז די ערטער גיך דערוויס זיך...
זע, געהיט זײַן..." — „כ'בין געהיט,
כ'ווייס נאָר שיילן די קאַרטאָפּליעס,
ווײַטער ווייס איך גאָרניט ניט".

— „גיי און מאָרגן קום מיט גוטן".
— „כ'וויל מיט אײַך דאָ בלײַבן הײַנט".
— „גיי, וועסט זײַן ניט אויסגעשלאָפן".
— „אויסגעשלאָפן וועל איך זײַן!"

— „ניין, דו טאָרסט דאָ איצט ניט בלײַבן,
איך באַפעל דיר: גיי און קום", —
ס'הייסט דער עלטסטער, און דער גרויער
נעמט אים שעפּטשענדיק אַרום:

„זיץ אין שטאַב... ביסט אונדזער שטאַב-מאַן...
ציל און ריכטונג ווײַז אונדז אָן...
אויספירן — איז אונדזער זאַך שוין,
דאָס וועט ווערן אָפּגעטאָן..."

אופגעשטאַנען איז דאָס יאַטל,
שווער א זיפץ געטאָן און גייט.
און אין גייען ווערט אים גרינגער,
פון די פרײַנט ער טראַכט מיט פרייד.

אָט... ער הערט שוין, ווי זיי שיסן,
ווי די כײַע, הערט ער, ברילט.
אָ, די פרײַנט זײַנע, זיי קענען,
פײַן דעם סוינע אָפּגעשפּילט!

מאָרגנ אינ דער שטאב-קיכ וועט ער
שיילנ בולבעס, הערנ ביַיס, —
אויסטאפּנ דעמ סוינעס פלענער
אונ זיי ברענגענ צו זיַינ קריַיז.

אָנגעשטרענגט זיַינ מויעכ ארבעט
צו באנעמענ זייער שפּראכ,
זייער מערדער-פּלאנ צו טרעפנ —
אויג אונ אויער האלט ער וואכ.

אָט אזוי א לעמל שפּילנ,
אפנ האס — א שלאָס פארוקט.
רויק אינעמ סוינעס פארצעפ
זיַינ געפּרוּווטער בליק סע קוקט.

* * *

הויכע ליַיט זיַינענ געקומענ, —
פונעמ הויפּט-שטאב מינאסטאמ.
וויַיזנ זיכ די אָפיצערנ
אפ א ראט צומ אויבערמאנ:

גרייט די קיכ א שלאל געריכטנ,
אונ דער יאט האָט פיל צו טאָנ.
אונ אינ הארצ ער ברענט פונ אומרו:
גוואלד, אינ וואלד ווי זאָגט מענ אָנ?!

וואָס געפינט מענ פאר א טערעצ
אפ אוועקגיינ, אונ — צוריק?
פול דאָס הויז מיט אָפיצערנ,
זעלטנ טרעפט זיכ אזא גליק!

אָפּקאָכנ די האנט מיט זודיקס,
טראכט דער יאט זיכ, דאָס וועט גיינ.
אומגערנ א טאָפּ א קער טאָנ —
וועט מענ אָפּלאָזנ אהיימ.

ר'האָט א שטופּ געטאָנ דעמ קאָכער
אונ זיכ אָפּגעקאָכט — א שרעק.

קלעפּ באקומענ פונעם קעכער —
נאָך אים ניט דערלויבט אוועק.

האָט דער יאט די ליפּ פארביסנ,
שיר קראפּירט פונ שמארצ אונ האס.
שטייט אונ ארבעט, דאָ דערזעט ער
מיטאמאָל דעם וואסער-פאס.

גיכ א דריי געטאָנ זיכ דאָרטנ
אונ צוריק צום ארבעט-אָרט,
ארבעט, פיבערט. ווי אינ כאָלעמ
הערט ער, שטיל סע גיסט זיכ דאָרט.

פּלוצעמ טוט א היכצ דער קעכער,
אז דאָס גאנצ געפעס צעשאלט:
„זע, פונ פאס ארויס דאָס וואסער!..
דו דאָרט, פאָר, ברענג וואסער באלד!..“

ס'יאטל מאכט זיכ טאמעוואטע,
נאָר אינ הויפ, — דאָרט לעבט ער אופ.
שפאנט א פערד אונ יאָגט צום טײַכל —
נאָר פארדרייט צום וואלד ארופ.

גיכ בינדט צו צום בוים דאָס פערדל
אונ שוואליאָם צום אופהאלט צו.
טרעפט ער אָבער נאָר דעם וואכמאנ.
„הער, דער טייל, דער טייל איז ווו?!“ —

פאלט ער שיר ניט פונ פארצווייפלונג,
שרעק באשלאָגט אים אונ געויינ:
„הער, דאָרט זײַנענ געסט געקומענ...
איכ בינ איינער, איינ אליינ!..“

אונ ער שפּרינגט אוועק צום פערדל,
יאָגט צום טײַכ אונ שעפּט אפּ גיכ.
פול דאָס פאס שוינ, יאָגט צוריקוועגס,
ווידער איז ער אינ דער קיכ.

„שטארק זיך, — זאָגט ער זיך, — באַשווער זיך
טאָן אַפּ אייגענעם באַראָט".
פּלענער קומען און פאַרזינקען,
טראָגן זיך אין אים בעסאָד.

אויב ער העלפט נאָך באַם דערלאַנגען —
וועט מען עפּעס קאָנען טאָן.
איין באַדינג נאָר: האַנדלען רויִק,
ווי אַ גרויסער גיין אין קאָן.

אויב מע רופט אים ניט, איז מוז ער
שטיל זיך לאָזן דורכן דאַך
אינעם סקלאַד, אַ מינע פּאַקן,
שטיל פאַרביַיקריכן די וואַך...

* * *

ענדלעך האָט מען אים גערופן
העלפן טראָגן שפּיַיז די געסט.
זיי באַמערקן קוים דאָס יאַטל,
אין געררייד פאַרטאָן, אין פּרעס.

קוקט ער אויס געהיט דאָס צימער.
אַ גראַנאַטן-פּאַק דערזעט.
ווען ער גייט צוריק, פאַרכאַפּט ער
צוויי אונטערן שפּיַיזן-ברעט.

מיטן שפּיַיזן-ברעט פאַרשטעלט זיי.
אינעם פאָרהויז זיי באַהאַלט.
וואָס וועט זיַין, אַז אויב ער קען ניט...
צי מע שטערט?.. צי שרעק באַפאַלט?..

ווי אַ בליץ אַרויס פון צימער
און באַם פענצטער זיך אַ שטעל, —
ער פאַרהייבט די צוויי גראַנאַטעס
און מיט קראַפט אַהין אַ שמעל!

אופגעדונערט האָט דער אופרײַס,
שטיקערווײַז סע פליט פונ געסט.
אלע וואכנ לויפנ אָנעט
אונ מע האלט דאָס יאטל פעסט.

קלעפ מע שטעקט אימ אונ מע מינטערט:
זוער, זאָג, ווער האָט דיכ געשיקט?
נאָר ער שווײַגט, אינ זיכ פארטראָגנ
אונ א גרויסע פרייד אימ שטיקט.

האָבנ זיכ די פארטיזאנער
דאָס דערוווסט אונ אָנגעיאָגט:
די דערשראָקענע דײַטשונעס
אומראכמאָנעסדיק מע שלאָגט!

אונ דער יאט, האלב-טויט, פארפײַניקט,
אינ געשווילעכצ ברענט זײַנ בליק, —
אפ די הענט אימ טראָגט דער עלטסטער
צו דעמ הארצנ צוגעדריקט.

אונ דער גרויער מיט דער פאטלע,
דער יוריסט, — איז לעבנ אימ.
„ער וועט לעבנ“ — רוימט דער גרויער...
„דו וועסט לעבנ!“ — שאלט א שטימ...

* * *

טײַער קינד דו, טרײַער כאווער,
וויס, דײַנ בײַשפיל פאר אונדז שײַנט!



אלע גרויסע, אלע קינדער
זײַנען דײַנע בעסטע פֿרײַנט.

שטעלסט דײַן לעבן אײַן, מיר ווייסן,
אַף אַ האָר דײַן לעבן הענגט.
ס׳ע פֿאַרכאַפּן אונדז דעם אָטעם
דײַנע פֿײַנענדיקע גענג.

מיט דער וועלט, דער וועלט דער גאַרער,
ווייסטו איצט ניט פֿון קיין רו, —
טראָגסט דעם אַל ווי אַלע גרויסע,
אַלע קויכעס לייגסטו צו.

אומקערן דאָס גוטע לעבן
וועט דיר אונדזער רויטאַרמיי.
סטאַלין וועט צוריק דיר געבן
דײַנע שפּילן אַלערליי.

אַלע אונדזערע מאַמעס טוליען
דיך צו זיך מיט ליבשאַפֿט צאַרטס
און דער בעסטער פֿון די בעסטע
דריקט דיך, ווי זײַן קינד, צום האַרץ.

* * *

ווער ס׳ע שאַדט אין טיל דעם סוינע,
יענעמס נאָמען איז אַ סאָד.
נאָכן קריג וועט מען אונדז זאָגן —
און דערווײַל זאָל זײַן: „די ראָד”...



# אינהאלט



Редактор *А. Фрумкин.*

Подписано к печати 19/V-43 г. Л 13330. 1 1/2 п. л.
Тираж 5.000. Заказ 2092.

17-я типография национальной книги треста „Полиграфкнига",
Шлюзовая набер., д. 10.

